ערשטער יאהרגאנג נר. 10

DUS L

w Krakowie.

להאיר להם את הדרך

# דאס ליכט

אשר ילכו בה

ערשיינט יעדען פרייטאג.

ארטאדאקסיש ארגאן פאר גאליציען.

ערשיינט יעדען פרייטאג

ב"ה קראקא, פרייטאג ויקרא ב' ניסן תרצ"א. ליכט צינדען 5·35 מוצש"ק 6·49.

Kraków, dn. 20 marca 1931.

אדרעס פון רעד. און אדמ.: קראקא מייזעלס 4. טעל. 120 96.

Adres Red. i Adm.: Kraków, Meiselsa 4. Tel. 120-96.

ר. נחמני.

# רבנות פראבלעמען.

## III.

א רבנים-ראט מתוח צו זיין ביי רבנים סכסוכים און אמאל אויך צו זאגען זיין וואגיגע ענטשיידעןווארט. וואלט געקענט א סך אויפטוען, טראטץ די שוועריגקייטען וואס וואלטען זיך איהם געשטעלט אין וועג אין אנפאנגס.

עס זענען פארהאן פיעל שטעדטלעך ווי עס איז בעצם קיין שום באדען נישט דא פאר קיין רבנות-מחלוקת. נישט מעהר די שטעדטלעך זענען אפט געטיילט אין פערשיעדענע זיך בעקעמפענדע צדדים, וואס זוכען צו האבען ארום וואס צו פיהרען זייערע תקיפות-מחלוקת מאכט מען פון דער רבנות א מחלוקה.

די אמביציעזע צדדים ווילען בשום אופן נישט צולאזען אז יענער זאל האבען אויסגעפיהרט ס'איז פשוט ווייל דו זאגסט אזוי זאג איך קאפויר ווייל דו ווילסט דעם רב וויל איך יענעם רב. און נאר די מחלוקת פון די צדדים מאכט פונ'ם רבנות א פראגע א מחלוקה. פיעל שטעדטלעך וואס וואלטען זיך גאנץ גוט געאייניגט אויף א געוויסען רב וועלכער האט באמת די סימפאטיע פון דער שטאדט נאר נעוויסע היץ-קעפ רייצען אויף דעם עולם, בלויז ווייל זיי ווילען נישט, יענע אדער יענער זאל האבען אויסגעפירט' זיי קענען נישט דערלאזען צו קיין שלום ווייל יענער און נישט ער האט דעם רב אראפגעבראכט וכדומה. צוליעב אזעלכע אפט ריין פערזענליכע אמביציעס פערשוואכט מען דעם כבוד הרבנות און מען נעמט צו ביי די רבנים די מעגליכקייט צו זיין ווירקליכע מנהיגי העדה, צווינגענדיג זיי פערנוצען זייער ענערגיע אויף לאווירען צווישען די צדדים חנפ'ענען די בעה"ב וכדומה.

אנשטאט אפצוגעבען אלע כחות אויף חזוק הדת, חנוך כשרות א. ד. ג. זענען די רבנים גאר פערנומען מיט אויסזוכען מיטלען צו געווינען פאר זיך די רעדעלפיהרער וואס לאזען נישט בערוהיגען דאס שטעדטעל צוליעב זייערע קרענקליכע אמביציעס.

אין פיעל ערטער וואלט מען די רבנים געהאלטען בכבוד מיט דרך ארץ ווי פארצייטענס דער רב וואלט געקענט אזוי ארום משפיע זיין אויף דעם עולם צו פערשטארקען די געפיהלען פאר יודישקייט נאר וואס עטליכע „שעהנע יודען" דערלאזען עס נישט.

ווען אזא רבנים-ראט וואלט ביי אזעלכע רבנים שטרייטיגקייטען געזאגט זיין דעצידירענד ווארט וואלטען די קהלה'שע קאך-לעפעל זיך געזוכט אנדערע ענינים איבער וועלכע זיך ארומצוקריעגען, צו לייגען דעם געגנערישען צד, נישט דערלאזען יענער זאל אויספיהרען, זיי וואלטען שוין געפונען מיט וואס צו בעפריעדיגען זייערע שטענדיגע גלוסטעניששען צו מחלוקת צו ווייזען זייער תקופות א. ד. ג.

זיי וואלטען אבער צורוה געלאזט דאס רבנות און נישט געמאכט פונ'ם רבנות דעם שטענדיגען „תנור עכנאי" פון די יודישע שטעדטלעך.

# אזוי זעהט אויס אונזער כלל-ישראל פאליטיק!

עס ליעגט עפעס א מין קללה אויף די יודישע פאליטישע רעפרעזענטאנץ אין פוילען. צוליעב שנאה צום רעליגיעזען יודענטום אדער צוליעב קאנקורענץ האט מען געברענגט דערצו אז די יודישע רעפרעזענטאץ איז געמינערט געווארען ביז צו א מינימום. מען האט פשוט נישט פערגינען דאס רעליגיעזע יודענטום זאל אויך האבען א פערטרעטונג אין סיים און סענאט און מען האט זיך געלאזט אויפ'ן וועג פון „גם לי גם לך לא יהי'".

דער רעזולטאט איז געוועזען א פאטאלער; אין קאנגרעס־פוילען זענען געיועהלט געווארען פון יודישע ליסטעס אזש 2 אין א האלבען דעפוטאטען ווייל דער דריטער דעפ. פון לאדז איז אריין אין סיים מיט דער הילף פון דייטשע שטימען.

האט מען זיך אנפאנגס געטרייסט דערמיט אז די מפלה וועט כאטש אונז צוריקברענגען די פאליטישע אחדות, צרות מאכען קליג, און דער דורכפאל פון די יודען וועט ממילא אויך זיין א דורכפאל פון דער שנאת חנם און פערזענליכע מחלוקת פאליטיק.

אמת, דער נומערישער כח פון אזא קליינע פערטרעטונג ווי מיר יודען האבען אין איצטיגען סיים, איז א נישטיגער אבער ווען אונזערע דעפוטאטען זאלען האבען אחדות צווישען זיך וואלטען זיי דאך געקענט עפעס אויפטוען, מיט עטוואס לינדערן די יודישע נויט. די רעגיערונג האט א מאיאריטעט אין סיים און דארף נישט אנקומען צו די עטליכע יודישע שטימען ביים אדורכזעצען איהר ווילען. די רעגיערונג האט אבער אויך נישט קיין טענדענץ איינצורייסען מיט די יודען, זי האט גענוג אפאזיציעס צווישען די פוילישע פארטייען און פאר דעם פרעסטיזש פון דער רעגיערונג איז עס וויכטיג צו ווייזען אז מען רייסט זיך גישט מיט די יודען. די עטליכע יודישע שטימען אין סיים שפיעלען נישט קיין ראלע און האבען קיין בעדייטונג אבער די שטימע פון די דריי מיליאן יודען אין פוילען האט נאך א ווערט, א וואגיגקייט.

יוען די יודישע דעפוטאטען מאכען אחדות צווישען זיך — ס'זענען נאך פארהאן יודישע כלל־פאדערונגען אין וועלכע אלע יודען זענען אייניג צווישען זיך ווי שטייער־פערלייכטערונגען, לינדערונג פון דער זונטאג־רוה גזירה, רעכט אויף ארבייט וכדומה — ווען פון די יודישע דעפ. רעדט ארויס איינהייטליך די שטים פון דריי מיליאן יודען וואלט די דאזיגע שטים גאנץ זיכער דערהערט געווארען און די יודישע שלוחי צבור וואלטען, טראטץ זייער נומערישער שוואכקייט דאך דערהערט געווארען.

האט אבער די קללה פון פערזענליכע אמביציעזע פאליטיקאנעריי זיך טיעף איינגעגעסען אין די ביינער פון אונזערע אויסדערווייילטע און דער פירוד צוואקסט זיך ערשט רעכט.

עס איז נישט קיין לצנות ווען מען זעהט פאראויס די צייט אז יעדער יודישער דעפוטאט וועט זיך האבען זיין אייגענע שיטה זיין אייגענע שטאלצע זעלבסטשטענדיגע פאליטיק און אפילו זיין אייגענע „קאלא" וויפיעל יודישע דעפוטאטען אזויפיעל יודישע „קאלא'ס".

עס האלט נאך נישט דערביי אבער דערווייל האבען מיר נישט מעהר ווי פיער יודישע פאליטישע שיטות אין סיים.

וואס פאר א גערעטעניש?

מית האבען איין דעפ. הרב לעווין געועהלט פון דער זעלבסטשטענדיגער ארטאדאקסער ליסטע, יודישע דעפוטאטען פון דער סאנאציע אלס קאמפענזאטען פאר די ארטאדאקסע שטימען אין די ערטער. ווי די ארט. איז נישט געוועזען בכח אליין דורכצוברענגען מאנדאטען, גאליצישע דעפ ט. וואס זענען טיילוויין אריין מיט'ן כוח פון דער סאנאציע צוליעב עפעס א געהיימען פאקט מיט די פאליטיקער צון ב. ב. און דעפ. גרינבוים וועלכער האט יעצט צוליעב פערזענליכע אמביציע און צוליעב טאקטישע חלוקי דעות מיט דער קאלא — געמאכט א סארט בלאק מיט די אוקראינער, ער וועט איצט אריין אין דער קאנסטיטוציע־קאמיסיע אלס פערטרעטער פון... די אוקרינער.

צי וואלט וועלכער שונא ישראל געקענט אויסקלערען א גרעסער פירעניות פאר אונזער פאליטיק? מ'מאכט פשוט פון אונז היזק? ס'איז כל רואי ילעוגו עלי, ביים אנהויב פון פארלאמענטאריזם אין די לענדער ווי יודען וואינען אין קאמפאקטע מאסען, איז געוועזען א ויכוח צווישען יודען, צי מ'זאל פיהרען א זעלבסטשטענדיגער יודישע פאליטיק אין גלות. נאר איידער אזא פאליטיקאנעריי וואס מאכט אונז צו שאנד און שפאט וואלט אפשר טאקי גלייכער געוועזען איינצופאקען, די שטאלצע זעלבסטשטענדיגע פאליטיק אונזערע ביז — ביז אונזערע פאליטיקער וועלען האבען אביסעל מעהר אחריות פאר'ן כלל, אביסעל מעהר כלל־בעוואוסטזיין און וועלען אויפברענגען דעם מוט צו פיהרען א כלל ישראל פאליטיק.

---

## רבי שמעון סופר זצ"ל

### אדר תרמ"ג — אדר תרפ"א

רבי שמעון סופר איז חוץ זיין גדלות אין תורה אין קדושה — נאך כמעט אלס קינד האט ער שוין געש"ס'ט אלס בקי אין פיעל שווערע ספרי קבלה — געוועזען אין פיעל הינזיכטען אן עפאכפ מאכענדע פיגור.

ער איז געוועזען אנ'אלזייטיגע רבנישע פערזענליכקייט ווי מ'טרעפט עס כמעט נאר ביי פארצייטישע גדולים. א גאון און צדיק אנערקענט פון אלע גרויסע אין זיין צייט. איז ער געוועזען גלייכצייטיג אויך דער פאליטישער מנהיג פון יודען אין דער ערשטער ארטאדאקסישער דעפוטאט אין עסטרייכישען פארלאמענט.

נאך אין דער יונענט האט ער געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט מיט זיין התמדה, גרויסער הבנה און שטארקער התבוננות, באלד האט ער אויך גענומען שמ'ען אין גאנץ אונגארן מ'האט געזעהען אז ער וועט אויסוואקסען א גדול בישראל א גרויסער תורה־אויטאריטעט.

שוין אלס יונגערמאן פון 21 יאהר ווערט ער גערופען צו פערנעמען די חשובע רבנות־שטעלע אין דער אלטער קהלה מאטערסדארף וואס האט פון תמיד געהאט רבנים גדילי ישראל.

מ'דערצעהלט אז דער חת"ס האט אויף אים געזאגט גרויס נאך איידער ער איז געקומען לאויר העולם.

ס'איז געוועזען אין יאהר תקפ"א די מוטער די רבנות איז געוועזען מקשה לילד, אלע שטוב־מענשען זענען געוועזען זעהר בעזארגט און זענען שטארק צוגעטרעטען צום חת"ס ער זאל מתפלל זיין אויף צוציאיילען די געבורט. דער חת"ס האט דאן געענפערט וזרח השמש ובא השמש אז ס'ווערט געבוירען א צדיק מוז פריער אוועקגעהען א צדיק פון דעם עולם, ביום שמת רבה נולד רבא. וויל איך נישט צו יאגען די פטירה פון א צדיק. מ'האט ר' שמעון סופר פארדאם געהאלטען פאר א קדוש מרחם אין אזעלכע איז אויך געוועזען די באציהונג פון די ארומיגע צו אים פול פיעטעט און יראת הכבוד.

אין יאהר תר"ך ווערט ער איינגעלאדען איבערצונעמען דאס קראקאווער רבנות וועלכעס ער האט פאר קיין פאל צוליעב זיין

# קליינער פעליעטאָן.

א וואַזשנע „נאציאנאלע" ארבייט.

די לעצטע צייט האט זיך געגרינדעט אין דער יודישער נאס א נאציאנאלער פרויען־פעראיין אונטערן נאמען וויזאָ.

איז אין פלינ אפילו קשה געוועזען, וואס אייגענטליך וועט עס זיין די „נאציאנאלע" טעטיגקייט פון „וויזא" ?

צו וואס עפעס א בעזונדערע נאציאנאלער פרויען־פעראיין אז אין אלע נאציאנאלע פעראיינען זענען דאך פאראן אויך פרויען און אין די זאמלונגען אויף די נאציאנאלע קרנות נעמען אנטייל די נאציאנאלע פרויען ? זענען זיי דען חלילה אונזערע נאציאנאלע יודען פלוצים געווארען אזעלכע שטארקע פרושים און געגנער פון תערובות ? זענען דאך כמעט אלע זייערע גימנאזיעס קוידיקאציע (תערובות) שולען ?

האבען זיך די נשים חכמניות אָבגעשלאסען אויף זיבען טעג און זיבען נעכט ארייג-קלערענדיג וואס אזעלכעס עס זאל זיין די נאציאנאלע טעטיגקייט פון די בנות „וויזא' ביז עס האט זיך אויפגעשטעלט די קליגסטע פון זיי, ערקלערט אזוי צו זאָגען; היות ווי די הויפט נאציאלע טעטיגקייט אין איצטיגער צייט איז דער קאמף קייגען דער ארטאדאקסיע און היות ווי די פרומאקעס האלטען שטארק פון פיעל קינדער האבען וועלען מיר די פרימאקעס אויף צו להכעים. ארויס מיט אפאראָלע פון פערקלענערען די געבורטען ביי יודען. מיר וועלען דאס אויפווייזען פון זייער תורה גופא. זעהט איר דאס וועט נעמען דעם עולם, דאס וועט אונז פאפולער מאכען און פערגרעסרען אונזערע שיטערע רייהען. מ'וועט זיך מאסענווייז איינשרייבען אין דער „וויזא".

אזוי איז אויך געשעהען.

פאריגען מיטוואך האט וויזא אין ווארשא אויף טווארדא 15 איינגעארדענט א רעפעראט וועגען דעם דראסטישען ענין. דער הויפט רעפערענט איז געוועזען א גוי — אָט ווער עס דארף זיין דער מורה דרך פאר אונזערע פרויען און זיי ווייזען זייערע „נאציאנאלע" פליכטען. ער האט נישט מעהר און נישט ווייניגער ערקלערט נאר אז די יודישע ברכה פון פרו ורבו איז גאר באמת א קללה און ער האט אויפגעוויזען פון סאמע „תלמוד" אז די פארצייטישע יודישע געלעהרטע האבען שוין פארשטאנען אז עס איז נישט כדאי צו האבען א סך קינדער. רעד. אקטאר הירשהארן האט ערקלערט אז ס'איז בעסער ווייניגער יודען אבער געזינטע און שטארקע.

וואס פאר א דעמאָראליזאציע !

די איטאליענישע נאציאנאלע רעגירונג גיעט פרעמיעס פאר פיעל קינדער האבען, די פיאנצויזישע נאציאָנאליסטען טראכטען עצות ווי אזוי צו פערמעהרען די געבורטען, ביי אונז אָבער טהוט מען פונקט קאפויר.

דאס הייסט רעכט „כמתוקנים שבהם לא עשיתם כמקולקלים שבהם עשיתם".

---

# פסח הילפס־אקציע פאר די רוסישע יודען.

ס'איז ארויס אָן אויפרוף צו די יודען אין דער גאַנצער וועלט צו בעזארגען די רוסישע יודען מיט מצות צו שיקען די ערלויבטע 5 קילא מעהל-פעקלעך קיין סאוויעט-רוסלאנד דער אויפרוף איז אונטערגעשריעבען דורך הרב ר' חיים עוזר גראָדזענסקי, דער „חפץ חיים" לובאוויטשער רבי, רב הכולל פון ענגלאנד הרב הערץ, הרב הכולל פון פראנקרייך לעווי, הרב מאיר הילדעסהיימער, פרעזידענט פון אג"י ר' יעקב ראָנעהיים, באראן גינסבורג א. א. אזא 5 קילא פאקעט קאסט 12—10 זל.

אויך מיר גאליצישע יודען און ספעציעל קראקאווער יודען דארפען זיך בעטייליגען אין דער וויכטיגער און דרינגענדער הילפס־אקציע פאר רוסישע יודען ווי ס'דראהט אז צוליעב די גיירות און שווערע רדיפות זאלען פיעל יודען חלילה בלייבען אהן מצות אויף פסח.

---

## ברכת מז"ט

לש"ב הב' המושלם **אלכסנדר סענדער זעלטענרייך**
בן הה"ג אב"ד דק"ק וואדאוויצע שליט"א לארושיו את בת
הה"צ ר' שלום אליעזר הלברשטאם שליט"א — תהי דרכו
בחיים צלחה תורה וגדולה יתאחדו על שלחנו לתפארת כל
משפחתו. ידידו ש"ב
משה ראפאפארט.

---

גרויס עניוות, נישט געוואלט אגנעמען. ערשט די בריעף פון קהל אז עס דראהט ס'זאָל זיך חלילה קיין קראקא ארייגכאפען א מאָ. דערנער ראבינער און די הפצרה פון סאנדזער רב האט געפועל'ט ביי איהם איבער צו נעמען דאָס קראקאווער רבנות.

אלע גדולים רבנים און רביים פון דאמאלסט האבען איהם זעהר געשעצט, געזעצט פיעל אויף זיין מיינונג אין אלע ענינים פון יודישקייט און איהם זעהר מחבב געוועזען. אזוי שרייבט דער חודושי הרי"ם צו איהם „אהבתו דמר תקועה בלבי". דער בעלזער רב ר' יהושע שרייבט איהם בעשטימט צו קומען אויף דער לעמבערגער קאָנפערענץ „כי בלעדו לא נבוא ולא נדע מה לעשות מאומה".

די משכילים אין גאליציען האבען זיך דאמאלס געשטארקט און אָנגעהויבען זיך אָרגאניזירען און מיט דער שטיצע פון די רעגירונג אדורכזוצען זייערע רעפאָרמעטאָרישע פלענער.

די חסידישע אָרטאָדאָקסיע איז נישט געוועזען פאָרבערייט און נישט בעהאוועגט אין די מעטאָדען פון א אפענעם קאמף מיט דער השכלה, איז ר' שמעון סופר טאקי געוועזען דער איינציגער מעורר איניציאטאר אָרגאַניזאַטאָר און אויספירער פון די אלע אקציעס אויף אבצושלאגען די אטאקעס פון די משכילים רעפאָרמאטאָרען.

א גרויסער עניו און גאנץ בעשיידען דאָ ווי ס'האט זיך געהאנדעלט אין זיין כבוד — איז ער אָבער געוועזען א אמת'ער קעמפער א קנאי בן קנאי ווי ס'האט זיך געהאנדעלט אין כבוד שמים.

תרל"ח האט זיך געזאָלט אין לעמבערג גרינדען א „שומר ישראל" ארגאניזאציע מיט'ן צוועק — ווי ר' שמעון סופר דריקט זיך אויס — „ליסד בתי מדרשים לרבנים כופרים בתורה". האָט ר' שמעון סופר ארויסגעגעבען כרוזים נישט טייל צו נעמען אין זייער אסיפה, צונישט געמאכט זייערע פלענער און תיכף דערנאָך זיך גענומען גרינדען די בעקאנטע מחזיקי הדת פון וועלכער ער איז געוועזען נשיא ביז דער פטירה.

ווען די עסטרייכישע רעגירונג וויל שאפען א רבנים־סעמינאר אין וויען און ווענדעט זיך צו די קהלות וועגען זייער „גוטאַכטען" שרייבט ר' שמעון סופר א הערליך רונדשרייבען צו אלע

# וואס הערט זיך אין קראקא?

## פילסודסקי פייערונג.

שוין מיטוואך האבען זיך אנגעהויבען אין שטאדט די פילסודסקי פייערונג וועלכע האבען דערגרייכט דעם הויך־פונקט דאנעישטאג אינם נאמענסטאג פון מארשאל פילסודסקי כמעט אלע הייזער אין גאסען זענען דעקארירט מיט נאציאנאלע פאהנען אזוי אז די שטאדט האט א יום-טובדיג אויסזעהען.

זיינער 10 פארמיטאג קומט פאר די פייערונג אין דער אלטער שוהל מיט דער בעטייליגונג פון קראקאווער רב שליט"א און פערטרעטער פון בעהערדען. דער הזן מיט'ן כאר זינגען מה טובו און אנדערע קאפיטלעך תהלים דאן ווערט געעפענט דאס ארון קודש און דער רב שליט"א מיט דעם פנים געווענדעט צום ארון הקדש און אסיסטירט פוןביידע זייטען פון צוויי דיינים מיט ספר תורות — זאגט א הערליכע ספעציעל פערפאסטע תפלה וועלכעס מאכט א גרויסען איינדרוק און רופט ארויס אן ערנסטע פייערליכע שטימונג ביי דעם פילגעפאקטען עולם אין שוהל.

## צו וועלעי זייז וואהלעז צום שטאדט־ראט?

מיטוואך איז איבערגעגעבען געווארען דעם קראקאווער וואיעוואידא דר. קוואשניעווסקי א פארמעלער פראטעסט נעגען אויפלעזען דעם קראקאווער שטאדט ראט און נאמינירען א ביי־ראט עס איז אויך פערלאנגט געווארען אז ס'זאלען פארקומען וואהלען צו א נייעם שטאדט ראט אין קראקא אינערהאלב דעם געזעצליכען טערמין ד. ה., ביז 6 וואכען פון דער אויפלעזונג פון אלטען שטאדט־ראט.

## בחנים'דיגע מצות פאר ארימער לייט.

דער בעקאנטער נדבן ר' יוסף ברוך לאקס וועט אויך היי־יאהר צו האלטען זיין איידעלע טראדיציע פו' טיילען מצות פאר ארימע לייט. די פערטיילונג וועט פארקומען אינ'ם פאליש פון דער רמ"א שיהל דעם קימענדיגען זונטאג פאר און נאכמיטאג, מאנטאג און דיענסטאג פון 10 ביז 1 פארמיטאג.

## שענדליכער חלול שבת בפרהסיא.

זייט א געוויסער צייט איז קראקא אנ'עדות פון א שענדליכען חלול שבת בפרהסיא אין סאמע הארץ פון יודישען צענטרום.

דעם „מכבי" בעגניגט זיך נישט מעהר מיט בלויזע ספארט פעראנשטאלטונגען אין שבת נאר עד האט לעצטענס אנגעהויבען אויך געבען מוזיק־קאנצערטען אים שבת וואס ווערען געהערט אויף א גרויסען שטח ארום און דאס אין א געגענד ווי עס וואוינען כמעט בלויז רעליגיעזע יודען שומרי שבת. אזעלכעס טאר באין אופן נישט דערלאזט ווערען די רעליגיעזע יודען דארפען ווי אמשארפסטען דאגעגען פראטעסטירען. מיר זענען איבערצייגט אז א געהעריגע פראטעסט־אקציע פון גאנצען רעליגיעזען כלל אין קראקא וועט זיכער האבען א געהעריגע ווירקונג. מ'טאר נישט צולאזען אז קינדער פון רעליגיעזע יודען זאלען זיך צוגעוויינען צו אזא עפענטליכען חלול שבת דורך יודען.

געשענקט א ספר תורה. פאריגען זינטאג האט געשענקט א ספר־תורה פרוי שרה נאטעל. דאס כתיבת האותיות איז פארגעקומען ביי איהר ברודער ר' בצלאל צוקער קאלעטעק 4 פון וואנען מען איז זייגער האלב 8 ארויסגעגאנגען מיט'ן ספר דורך די גאסען קאלעטעק, אנגיעשקי דיטלאווסקא קראקאווסקא ווענלאווא אויגיסטיאנסקא אינם נייעם ודאמסקער שטיבעל אריין. דערנאך איז פארגעקומען א סעודת מצוה ביז זייגער 1 נאכט.

אומפארשטענדליך. עס איז באמת נישט צו פערשטיין פארוואס ס'זענען נאך פארהאנען מעטה־טרינקערס וועלכע זענען ביז היינט נאך נישט געקומען זיך אליין איבערצייגען וועגען דער קוואליטעט פון ר' קלמן בלום'ס גוטען מעטה וועלכען ער גיעט אוועק ממש בחצי חנם אין זיין לאקאל דיעטלאווסקא 31 פארוואס זאל טאקע נישט יעדער אריינגיין און זיך איבערצייגען וואס פאר א מעטה ער גיעט דאס אזוי ביליג? צו איז ער טאקע אזוי פרימא ווי מען זאגט? און וואס שטעלט מען דען אייגענטליך איין? נאר איינמאהל 25 גר.

קהלות זיך ארויסצוזאגען געגען סעמינאר. ער פערפאסט אויך דאס גוטאכטען פאר דער קראקאווער קהלה.

אין א געוויסען בריעף שרייבט ער אויך אז לויט זיין מיינונג טאר מען נישט וועהלען די פרייע אין די יודישע צבור־אינסטיטוציעס.

ער איז געוועזען דער ערשטער יודישער אבגעארדנעטער געוועהלט פון יודען אויף צו פערטיידיגען די יודישע רעכט. די דאמאלסדיגע יודען, האבען עס טאקי געפילט פאר א געשעעניש פון ערשטקלאסיגער בעדייטונג, עס איז געוועזען אין לשער די שמחה פון די יודען אין גאליציען נאכדעם ס'איז בעקאנט געווארען דער וואהל רעזולטאט אז דער קראקאווער רב איז געוועהלט געווארען פון קאלאמייער וואהל־קרייז און וועט פערטרעטען די יודען אין עסטרייכישען פארלאמענט.

ר' שמעון ספר אליין האט זיך אפילו שטארק געוועהרט געגען ארויסשטעלען זיין קאנדידאטור מורא האבענדיג אז ס'וועט איהם מבטל מאכען פון תורה און עבודת השם. די ידיעה פון זיין וואהל איז ביי איהם געוועזען ממש א איוב'ס־בעריכט.

געוואלד! האט שוין מין תורה נאר קיין חשובות אין הימעל — האט ער אין גרויס פערצווייפלונג אויסגערופען. אויך זייענדיג דעפוטאט און ערפילענדיג זיין שליחות בשלימות מיט גרויס טאקט האט ער זיך נישט אבגעריסען פון זיין עבודת השם לערנענדיג תורה מיט גרויס דבקות און השתפכות הנפש.

אין גאנץ גאליציען אפילו אין די פערווארפענסטע שטעדטלעך האט מען געפראוועט עטליכע טעג נאכאנאנד עפענטליכע שמחות און געטאנצט אין די גאסען.

עס איז דעמאלסט געזעסען אין עסטרייכישען פארלאמענט א היבשע צאהל אנטיסעמיטען אבער אלע האבען דעם גרעסטען רעספעקט פאר דעם יודישען דעפוטאט.

ביי אים איז מקויס געווארען דער וראו כל עמי הארץ כי שם ד' נקרא עליך ויראו ממך, יעדער אפילו די גרעסטע אנטיסעמיטען האבען אים בעגעגענט מיט דעם גרעסטען יראת הכבוד.

געאכטעט און געשעצט פון פריינד און געגנער איז ער געוועזען זעהר ערפאלגרייך אין זיינע אינטערווענצען פאר'ן כלל און פאר יחידים; ער האט ממש נישט גערוהט און מיט דער גרעסטער אנשטרענגונג און מיט מסורת נפש די שווערסטע זאכען דורכגעפיהרט.

דער דברי חיים האט אמאל געווארפען א יוד אין חרם וועלכעס איז לויט די עסטרייכישע געזעצען געוועזען שטרענג פערבאטען, ס'האט דעם צאנזער רב זצ"ל געדראהט תפיסה. די בעהערדען האבען נישט געוואלט אפילו די שטראף אפלייגען, איז ר' שמעון סיפר געפאהרען קיין וויען אליין איבערגעגעבען דעם דאמאלסדיגען יוסטיץ־מיניסטער אונגער א געזוך די שטראף צו שטרייכען. דער מיניסטער האט זיך געוואונדערט ווי קענט איהר גאר אזעלכעס פערלאנגען? דער פויבסט האט נישט מעהר קיין כח צו לייגען אין חרם אריין, זאלען עס די רבנים מעגען?" דער קראקאווער רב האט זיך נישט אונטערגעגעבען און געגאנגען צום קייזער אויף אן אודיענץ. ביים אריינקומען צום קייזער האט ער פארמאכט די אויגען און געמאכט די ברכה (שחלק מכבודו לבשר

## „אויפבוי און זעלבסט־הילף“.

זונטאג איז אין קראקא פארגעקומען א פײַערליכע אקא־דעמיע פון קאמיטעט פון „אויפבוי און זעלבסט־הילף“ אונטער'ן פאָרזיץ פון פרעזעס ד"ר פישלאָוויטץ. נאכדעם ווי ד"ר שטיינבערג בעגריסט די געסט האַלטען רעפעראטען ראבינער ד"ר שאָר און וויצע שטאדט פרעז. מייזעלס פון ווארשא. ד"ר שטיינבערג רעדט ארום די ארבייט פון צענטאָס און טאָז, דאן שליסט ד"ר פישלאָ-וויטץ די אקאדעמיע מיט אנ'אפעל צו אונטערשטיצען די אקציע פון „אויפבוי און זעלבסט־הילף“.

די געזעלשאפטען „צענטאס“ „טאז“ אָרט און האיעס פלעגן צו דעקען זייערע בודזשעטען און פיהרען זייער געזעלשאפטליכע ארבייט מייסטענס מיט דער הילף פון דזשאָינט־געלדער, דורך דעם קריזיס וואָס הערשט אויך אין אמעריקא בעקומען נישט די אויבענדערמאנטע געז. זייערע אונטערשטיצונג צוליעב וואס זייער עגזיסטענץ איז בעדראָהט, די פיער געז. האבען זיך דערום פעראייניגט און פיהרען אנ'אקציע פון „אויפבוי און זעלבסט-הילף“ אין פוילען גופא צו זאמלען געלד אויף זיכערן די עגזיסטענץ פון די געז. זיי זאָלען קענען ווייטער פיהרען זייער וויכטיגע געזעל-שאפטליכע ארבייט. איג'ם קאמיטעט פון אויפבוי און זעלבסט־הילף אין קראקא געהט אריין ר' משה דײַטשער אלס פע"ט. פון די אָרט. יודען.

## די רעקרוטען פון יאהר 1909 דארפען איינריקען מיט 8 טעג שפעטער.

דאס קריגס-מיניסטעריום האט פעראָרדענט איבערצוריקען דעם טערמין פון איינשליסען אין די מיליטערישע רייהען די רעקרוטען פון יאהר 1909 מיט א וואך שפעטער.

די רעקרוטען וועלען נישט בעקומען קיין נייע „קארטע פאָ-וואלאניע“ נאר אויפ'ן סמך פון די אלטע קארטעס דארפען זיי זיך מעלדען מיט א וואך שפעטער ד. ה. די וואס זענען גערופען געווארען אויפ'ן 8-טען אפריל דארפען זיך צושטעלען דעם 15־טען. די וואס זענען גערופען אויפ'ן 9־טען — דעם 16־טען אפריל, און די וואס זענען גערופען אויפ'ן 10־טען — אויפ'ן 17-טען אפריל.

**השבת אבידה** ווער עס האט פערלוירען מיטוואך א טלית מיט א סידוריל אויף די קראקאווסקא־גאסס קען זיך מעלדען אין געשעפט לייבלער קראקאווסקא 21, געגען סימנים.

הכנות צו פסח. זעליג, זאגט נאר ר' אהרן, ווי האט איר אייך געלאזט נעהען אייערע נייע מלבושים? זיי ליעגען דאך אויף אייך ווי געגאסען —

ס'איז א סוד דערביי — זעליג — דאס זענען געקויפטע פערטיגע מלבושים.

אזוי נאר! ס'זעהט דאך אויס ווי פון די פיינסטע ביליצער שטאפען — יא! ענטפערט איהם ר' אהרן — ס'איז טאקי פון די פיינסטע ביליצער שטאפען גענייט פון די בעסטע שניידערס. נישט מעהר איך האב פערשפארט אלע קלאפאטעס. דער סוחר פער־זארגט שוין אלעס און איך האב זיי געקויפט פערטיג און מיר נאך איינגעבערעכנט עטליכע הינדערט זלאטים.

ווי בעקומט מען עס אזעלכע פיינע מלבושים אזוי ביליג, ר' אהרן?

נאר ביי רובינשטיין און צדוק הארנ'ס־הויז קראקאווסקא 26 פראגט | שטאק דארט ווערסטו בעקומען:

זיידענע בעקעשעס חאלאטען טיש האלאטען איבערציהערס פון די פיינסטע שטאפען אבער געדענק, זעליג, נישט צו ווארטען אויף ערב יו"ט ווייל ערב יו"ט האלט רובינשטיין פארמאכט דאס געשעפט.



ודם) מיט גרויס כונה, אזוי אז דאָס געזוך איז איהם ארויסגעפאַ־לען פון האנד און ער האט עס גאָר נישט דערשפירט. אז ער האט די אויגען געעפענט איז דער קייזער שוין געשטאנען מיט'ן געזוך אין האנד און געשמייכלט. דאָס געזוך איז שוין געוועזען ערלעדיגט לטובה.

איבערהויפט האבען אלע בעוואונדערט זיין שלאגפערטיגקייט און שארפזיניגקייט, מיט איין וואָרט האָט ער אמאל אויפגעטוען מעהר ווי מיט פיעל גרויסע דרשות.

ס'ערשטע מאָל ווען ער איז געקומען אין פארלאמענט האָט ער זיך געזעצט צווישען די לינקע, אלס מיטגליעד פון פוילען־קלוב האָט ער בעדאָרפען זיצען רעכט'ס, אויף די העפליכע פרא־גען פון די אבגעארדנעטע פארוואס ער זיצט נישט אויף רעכט'ס האט ער געענפערט מיט א שמייכעל „די יודען האבען יאָ קיינע רעכטע“ און דאָס וואָרט האָט דעמאלט געמאכט א גרויסען רושם.

דאס נומער פון זיין זיטץ־פלאץ איז געוועזען בעצייכענט 296. אזוי ווי ער קומט צו און דערזעהט דאס נומער זאָגט ער 296 אזויפיעל וויפיעל עס בעטרעפט רצוי. השי"ת זאל העלפען אז איך זאָל זיין א גוטער שליח פאר יודען און טאקי זיין רצוי לרוב אחיו. רבי פרעגט אים איינער, רצוי קומט דאך מיט א יוד, יאָ! איז געוועזען די תשובה, ס'וועט זיך ארויפזעצען א יוד, וועט ער זיין רצוי לרוב אחיו.

ס'איז אויך כדאי צו דערמאנען אז ר' שמעון סופר איז אויך געוועזען א גרויסער משורר און האט פערמאָגט א געטליכען קוואל פון פאָעזיע.

עס איז פאַרהאָן צווישען די שירים, הארציגע ליבעזאנגען צו קוב"ה פול מיט רעליגיעזען עקסטאז און התלהבות דקדושה עלעגיעס, קינות אויף גלות השכינה און צרות ישראל. ס'איז כדאי צו דערמאַנען דעם שיר „מה לו לאב“ ווי ער זינגט — לויט'ן טייטש פון חת"ס — וואס שאדט עס דעם טאטען, שהגלה את בניו וואס ער האָט פערטריעבען די קינדער, וואָס שאדט עס אים, פריער זענען יודען געוועזען נאר אין ארץ ישראל אבער היינט, דער גאַנצער חלל פון דער וועלט איז פול מיט „יהא שמי רבא מברך“ וואָס ווערט געזאָגט פון יודישע קינדער פון דער גאַרער וועלט אבער „אוי לו לבן“ ווי דעם קינד וואס איז פערטריעבען פון טאַטענ'ס טיש.

א שעה פאר זיין פטירה האָט ער געזונגען מיט גרויס התלהבות דעם שיר „שובו כלה נאה“ וואס איז א אָרט ווענדונג צו דער נשמה וואָס שיידט זיך מיט'ן גוף.

אזוי האט ער י"ז אדר תרמ"ג אויסגעהויכט זיין גרויסע און היילִיגע נשמה אויפריכטיג בעוויינט פון גאנצען יודישען כלל.

— בקרוב ערשיינט אויך ר' שמעון סופר'ס זצ"ל א גרויס חבור פון פלפול און דרש א. נ. מכתב סופר.

# קורצע ידיעות פון דער וואך.

— נאך במשך דעם חדש, הייסט עס, וועט די רעגיערונג ארײַנטראגען אין סיים א פּראָיעקט צו ערלויבען האנדלען עפענטליכע ישעה זונטאג אבער געוועלבען מיט ארטיקלען פון ערשטען געברויך.

— אלס קאנסול פון „קובא" אין דאנציג איז בעשטימט געווארען ה' אדאם אויבערט, א יוד, דאס איז דער דריטער יודישער קאנסול אין דאנציג.

— די אראפישע עקזעקוטיווע האט אנגענומען א רעזאלוציע אז כל-זמן ס'וועט בעשטעהן רעזו דירט ווערען די באלפור דעקלעראציע וועט נישט זיין קיין שלום צווישען יודען און אראבער.

— אין שייכות מיט דער צונעזאגטער הלואה פון 2 און האלב מיליאן פונט פאר דער א"י לאנדווירטשאפט ערקלערט אוסישקין אז פון דער הלואה וועלען וואהרשיינליך געניסען בלויז די אראבער.

— אין אראבישע קרייזען, ווערט ערנסט גערעדט וועגען שאפען אין ירושלים א מוזולמענישע אוניווערסיטעט.

— דאס מיניסטעריום האט פערשפראכען אז היי־יאהר וועלען 50 פּרצ. יודישע תלמידים בעקומען יו"ט אורלויב [ביז היינט פלעגען נאה 10 פּרצ. בעקומען אורלויב.

— אין אמעריקא איז געפייערט געווארען דער 50 יאהריגער יובלעאום פון דער יודישער מאסען עמיגראציע אין די פעראייניגטע שטאאטען און 1881 איז דארט געוועזען איין פירטעל מיליאן יודען און היינט לעבען דארט קרוב 4 האלב מיליאן יודען כ"י.

— געוו. רומענישער מיניסטער דר. ליפו איז אין פארלאמענט שארף ארויסגעטרעטען קעגען אנטיסעמיטיזם.

— פויערים פּעפּר אין אונגארישען פארלאמענט זענען ארויס קעגען דעם וואס מ'האט יודען געשטערט צוקויפען בארען דורכ־נאס די פרייזען פון בארען פאלען זעהר.

— אין פעלקער בונד זענען אנגעקומען פראטעסטען געגען בלאנקא טאג אויך פון אמעריקאנער „סאבאטנ קעס" (גויאישע שומרי שבת).

— דער ועד הקהלות אין ענגלאנד האט בעשלאסען צו פּראטעסטירען געגען קאלענדער־רעפארם און איבערשיקען דעם פּראטעסט דעם פעלקער בונד און דער ענג. רעגיערונג.

— אין וואדישא איז פארגעקומען א צוזאמענפאהר פון לא־קאטארען פעראייניגט. די פערלאנגען בילינער מאכען דאס דירה־געלד.

— די טעג וועט די רעגיערונג ארײַנטראגען אין סיים א פּראָיעקט אז די געריכטען וואלען קענען אבלעגען עקסמיסיעס צוליעב דער שלעכטער לאגע פון די עקסמיסירטע.

— דאס קאלאניאל־אמט אין לאנדאן ערקלערט אז די פער־האנדלונגען מיט דער יודישער אגענץ זענען דעפינטיוו פערענדיגט. קיין ווייטערע פערהאנדלונגען וועלען נישט זיין.

— אין דער קאנסטיטוציע קאמיסיע פון סיים זענען ארײַן די דעפ. הרב לעווין און ראטענשטרייך, גרינבוים וועט נישט ארײַן.

— אין סיים איז בעהאנדעלט געווארען די פראגע פון צו שטעלען יודישע מתים די אוניווערזיטעטען צום פאלמעסען. דעפ. ביעלעצקי האט זיך פערורופען דערויף אז פראפ. שור און ה' פארבשטיין האבען ערקלערט אז מ'מעג פאלמעסען יודישע מתים (?) און דערנאך מקבר זיין.

## א הערליכע תפלה

### אין שייכות מיט די פילסודסקי־פייערונגען.

א חוץ די פערטרעטער פון די בעהערדען זענען אין דער אלטער שוהל געוועזען אלע פני פון קראקא און אלע זענען גע־וועזען אונטער'ן רושם פון דער דורכן קראקאווער רב ספעצ פער־פאסטע תפלה וועלכע האט געשאפען אנ'אויסערגעווענליך ערנסטע פייערליכע שטימונג. מיר געבען דערום פאר אונזערע לעזער דעם אנהאלט פון דער הערליכע תפלה במלואה:

אדון כל האדונים המנהיג עולמו בחסד ובריותיו ברחמים נותן עוז לשלטים וממשלה לרוזנים אתה תכנת ארץ ומלואה ואדם עלי' בראת ובחמלתך על ברואיך העמדת להם בכל דור רועים נאמנים ללשונותם לאמיתם אשר יוציאום ואשר יביאום אל הנחלה ואל המנוח".

מודים אנחנו לפניך אשר גם עתה לא מנעת חסדך מאתנו יושבי ארץ פולניא, כפיוע פרעות כרתכל ומתרועת מלחמה פור התפוררה ארץ, אז קראת לבחירך איש אשר מדך הגדולה, שאר רוח לו, רוח אומץ וגבורה, רוח חכמה ודעת, איש מלא אהבה לעמו ולארצו, איש בזרוע עזו נלחם מלחמותינו בגבורה, וישם גבולנו שלו' ובכוח מבינתו הכבירה יסד ארץ פולני' על מכוני', קרא דרור בארץ והרים קרן הצדק ומשפט שלו' בשערי'

הוא האיש המרום מעם **המארשאלעק יוזעף פילסודסקי** יחי'

היא האיש אשר מנשמת רוח אפו נפוצו ענני השנאה והבעיות אשר הקדירו את שמי ארצנו ובימיו זרחה גם לנו ישראל עמך קרן אורה להכיר משפטנו ולשים לנו מחי' ושארית בארץ. ע"כ היום אשר בו יזכר שמו לטובה יום חג הוא לנו ובהדרת קדש באנו שעריך לישא רנה ותפלה בעד שלומו וטובו.

אנא השם תערב נא לפניך עתירתנו להאציל לו מברכתך העליונה, חזקהו, אמצהו ובישועתך שגבהו, אמץ זרועו לעשות חיל, להרים כבוד מדינתנו בין משפחות עמים, לכוננה ולשכללה בעושר וכבוד בשלום ובמישור. ימים על ימיו תוסיף, עוד ינוב בשיבה טובה, ישבע וישמח בפרי מעלליו ובימיו ובימינו תושע יהודא וישראל ישכון לבטח ובב"ג ונ"א.

# וואך קאלענדער

### מיט היסטארישע דאטען און יאהרצייטען.

**פרייטאג ב' ניסן**

יאהרצייט פון לובאטשיווער רבין שלום בער שניאורזאהן.

פערדינאנד און אוזאבעלא שרייבען אונטער דעם גירוש בעפעל געגען די יודען אין שפאניען.

**שבת ג' ניסן**

יאהרצייט פון זלאטשעווער מגיד ר' מיכל.

יאהרצייט פון ר' וועלוול זבארזר דעם זלאטשאווער מגיד'ס זוהן.

**זונטאג ד' ניסן**

יאהרצייט פון ר' יוחנן ראחמיסטרובקער תרנ"ה.

תר"ח די יודען אין פרייסען בעקומען בירגער־רעכט.

**מאנטאג ה' ניסן**

יאהרצייט פון אפטער רב ר' יהושיע העשעל ב' אוהב ישראל תקפ"ה.

יאהרצייט פון בלאזובער רב ר' צבי אלימלך שפירא תרפ"ד.

**דיענסטאג ו' ניסן**

יהושיע שיקט מרגלים קיין יריחו.

נפטר געווארען ר' שמואל יהודא מינץ, מהרי"ל מינץ פאטער פון ר' שאול וואהל, דעם לעגענדארען יודישען קעניג פון פוילען

נפטר געווארען הג' ר' מאיר דן רפאל אוסטראבער רב.

**מיטוואך ז' ניסן**

יאהרצייט פון ר' יצחק'על דראהביטשער תלמיד פון בעש"ט תק"ג.

תקר"ג דער פאבסט פארביעט צו מאכען בלוט־בלבולים אויף יודען.

**דאנערשטאג ח' ניסן**

יאהרצייט פון ר' מרדכי נעשכיזער תק"ס.

נפטר געווארען ר' אלי שפירא ב' „אלי' רבא".

נפטר געווארען ר' ארי' ליב אבד"ק קראקא תקל"ו.

## וועגען פאטענטען פאר בעלי־מלאכות.

די שטייער-מאכט אין גאנץ פוילען איז געשטאנען ביז איצט אויפ'ן שטאנדפונקט, אז בעלי־מלאכות דארפען אויס־קויפען פא־טענטען, אויב זיי בעשעפטיגען אין זייערע ווארשטאטען מינדעס־טענס צוויי פערזאן. אינאבהענגיג דער פון, צי דאס זענען די אײַ־גענטימער אליין, די מיטגלידער פון זייערע פאמיליעס, אדער געדונגענע געזעלען.

דער דאזיגער שטאנדפונקט איז דורכ'ן העכסטען געריכט אנערקענט געווארען פאר נישט ריכטיג, אינ'ם ארטיקל נומער 30—160 האט דאס העכסטע געריכט אנערקענט, אז ביים פעסט־שטעלען, צו דער בעל-מלאכה איז מחויב אויסצוקויפען — א פאטענט דארף מען נעהמען אין אכט נאר געדונגענע ארבייטער אדער געזעלען און נישט שותפים אדער זייערע פאמיליען־מיטגלידער.

אזוי ארום קאן זאגאר א גרעסער צאהל פערזאנען ארבייטען אהן א פאטענט, אויב זיי זענען שותפים צו דעם ווארשטאט און בעשעפטיגען נישט מעהר ווי איין געדונגענעם ארבייטער.

נאכדרוק פאַרבאָטען

# אסתר המלכה

היסטאָרישע ערצעהלונג. געשריבען ספעציעל פאר „דאס ליכט". פון עתניאל

צענטע פארטזעצונג

די עטליכע קנעכט וואס האבען בעגלייט דעם פריץ זענען אין גרויס שרעק אנטלאָפען שרייענדיג אן איבערפאל! אנ'איבערפאל! די גרוזיאנער זענען בעפאלען דאס שלאס. די גרוזיאנער זענען אונז בעפאלען.

די גאנצע דיענערשאפט איז זיך צילאָפען אין גרויס שרעק אויסבעהאַלטען זיך פאר די ווילדע גרוזיאנער, אפילו די וואך-פאסטענס ביי די טהירען פון שלאס זענען ענטלאָפען און זיך פערשטעקט אין די קעלערען.

יאנקעל, דער קיכער האט זיך גיך געלאזט צו דעם צימער ווי אסתר איז געוועזען און שנעל מיט כח איינגעבראכען די טהיר.

אסתר איז נערוועז אויפגעשפרינגען פון אָרט און גענומען שרייען; מערדער, הרג'ע מיך, דערלייז מיך פון מיינע צרות און הינ'ע ס ך. אויך זי האט זיי אנגענומען פאר רויבער. יאנקעל און דער פאטער אסתר'ס, זענען אבער שנעל צו צו איר פאר איהר זיך נעגעבען צו דערקענען און שנעל מיט איהר אנטלאפען, יאנקעל האט גענומען פון די שטאלען דריי פערד אויף וועלכע זיי האבען זיך ארויפגעזעצט און שנעל ארויס פון שלאס. די טויערען זענען געוועזען אָפען און נישט בעוואכט. זיי זענען שנעל געריטען אין דער ריכטונג צום וואלד, יאנקעל פאראויס און זיי הינטער איהם.

זיי זענען אזוי געריטען עטליכע שעה, ביז יאנקעל האט זיך אָבגעשטעלט זיי בערוהיגט, אז זיי זענען שוין אויסער יעדע געפאהר ווייל זיי זענען שוין ווייט אוועק פונ'ם מערדערישען פריץ'ס געביעט און זיי ערקלערט אז זיי מוזען זיך איצט שיידען, ער יאנקעל, מוז ווי אמשנעלסטען צוריק אין הויף אריין, נאך איידער מ'וועט זיך כאפען, וואס אייגענטליך ס'איז דאָ פארגעקומען.

יאנקעל האט זיי בעקאנט געמאכט מיט'ן וועג און אנגעוויזען די ריכטונג אין וועלכער זיי דארפען רייטען אויף צוקומען צו זייער ציעל; צו אלישא'ן, ער האט זיי איבערגעגעבען די „לאזונג. מיט וועלכער זיי וועלען זיך דורכשלאגען אלע גרוזיאנישע מיליטערישע פאסטענס און אנקומען גלייך אין לאגער אריין. דארט בדויכט איר נאר דערמאנען דאס ווארט אלישע — האט זיי דער קיכער געזאגט — און אלע וועלען אייך מיט גרויס כבוד אויפנעמען.

איך בין זיכער אז דאס איז אייער עלישא, — האט יאנקעל געזאגט מיט בעשטימטקייט — נאר טאמער נישט, איז ער אבער זעהר אנ'איידלער און גוטער מענש. ער וועט אייך זיכער אויפנעמען בספר פנים יפות. אויך קענט איר אים זאגען אז איך האב אייך געשיקט צו אים.

זיי האבען זיך זעהר הארציג געזעגענט, אסתר האט זיך זעהר ציוויינט, אויך ביי ר' יהושע'ן האבען זיך געוויזען טרערען אין די אויגען ביים אבשייד נעמען פון זיין פריינט וואס האט איהם אזוי געטריי געדיענט און געוועזען דער שליח צו זייער רעטונג.

יאנקעל האט זיך מיט נעוואלד אוועק געריסען פון זיינע פריינט און שנעל אוועק געריטען. זיי האבען איהם לאנג לאנג נאכגעקוקט — ווי א מלאך פון הימעל איז ער געוועזען פאר זיי אין זייער גרעסטער נויט — היים געדאנקט דעם רבש"ע פאר די נסים וואס ער האט מיט זיי געטוען און געבעטען אויך ווייטער זיי צו ווייזען זיינע חסדים און זיי צו פיהרען צו א מקום מנחה.

ר' יהושיע מיט זיין אסתר'קען זענען ווייטער געריטען אין דער ריכטונג ווי דער גיטער יאנקעל האט זיי אנגעוויזען.

שטיל זענען זיי געריטען נעבען אייננאנדער קיין ווארט נישט ארויס גערעדט, נאך זענען זיי געוועזען שטארק אונטער'ן איינדרוק פון דעם אלעם וואס זיי האבען אקאָרשט אויסגעלעבט און איצט — די גרויסע האפנונג, זיך צו זעהען מיט זייער אלישע'ן.

אָ! רבש"ע — האט ר' יהושיע שטיל געשעפטשעט — גרויס זענען דיינע חסדים וואס די טהוסט מיט אונז, צו יעסט דו מיר אויך נאך טוען דעם דאזיגען גרויסען חסד, צו וועל איך נאך האבען די זכי' צו טרעפען זיך מיט אלישא'ן, איז ער נאך געזונד, געבליבען א יוד? צו איז ער נישט אפשר אנגעשטויסען געוואָרען דורך דער צייט.

אזעלכע אונ-עהנליכע געדאנקען האבען אים גענומען מאטערען ווי זיי זענען איבעראשט געווארען פון א גרוזינישען פאסטען אנגעטון אין זייער אוריגינעלער קליידונג. זיי האבען געזאגט די לאזונג וואס יאנקעל האט זיי אויסגעלערנט און מען האט זיי א-דורכגעלאזט.

אזוי זענען זיי אדורך פיעל וואך-פאסטענס ביז זיי זענען ענדליך אָנגעקומען אין הויפטלאגער זיי האבען געזאגט דאס ווארט אלישא ווי יאנקעל האט זיי בעפוילען טוען און תיכף זענען צוויי זעלנער געלאָפען אים רופען.

אלישא איז גראד געקומען פון דאווענען ער האט נאך די תפלה געטוען זיך נאך אמאל צו טרעפען מיט די ווייבער מיט דעם מחותן ר' יהושיע און זיין אסתר'קען ווי צוויי זעלנער מעלדען אים אז ביים איינגאנג אין לאגער ווארטען אויף אים א יוד מיט זיין טאכטער.

שנעל איז ער אהין געלאפען, א שרעקליכע געשריי האט זיך ארויס געריסען פון זיין ברוסט זעהענדיג פון דערווייטענס זיין אסתר'קע מיט דעם פעטער ר' יהושיע. זיי זענען געפאלען איינער דעם אנדערען אין די אָרעמס אין אויסגעבראכען אין א שטארק געוויין ——

זיי האבען זיך דאן אָנדערצעהלט פון אלעם וואס איז איבער זיי פערלאפען אין דער צייט, פיעל, פיעל האבען זיי זיך געהאט צו דערצעהלען און צוזאמען האבען זיי אפגעגעבען א שבח וואס ענדליך זענען זיי ווידער צוזאמען.

אלישא האט זיי געפירט אין זיין געצעלט געהייסען זיי אָנביסען אָפרוהען פון די פיעל מאטערנישען און אליין איז ער געגאנגען צום פירסט ארמיענאס דערצעהלען פון זיין גליק. דער פירסט האט אויסגעדריקט דעם פערלאנג זיך צו בעקענען מיט די הייליגע געסט פון זיין ליעבען ארצט. אלישא האט עס מיט געטיילט זיינע געסט און באלד זענען זיי אלע דריי געשטאנען פאר דעם מעכטיגען פירסט פון די גרוזיאנער ער האט פיעל אויסגעפרעגט וועגען די פערהעלטנישען אין דייטשלאנד. אלישא איז געוועזען דער דאלמעטשער.

יא! -- זאגט דער פירסט — אויך אין פוילען איז נישט אלעס ווי עס בעדארף זיין אָבער אזוי ווילד און בארבאריש ווין דארט דאס ווייטע דייטשלאנד, זענען מיר נאך נישט.

(פארטזעצונג פאלגט)

# SUCHARD

כשר לחג הפסח

VELMA - MILKA - BITTRA

KAKAO

תחת השגחה הראשית של הרה"ג אבד"ק קראקא שליט"א.

כשר לחג הפסח

---

**Włoski Warsztat, ul Szeroka L. 1. (róg Miodowej)**
przyjmuje do **zelowania** wszelkiego obuwia (**Ruber-Amerleana**)
w pierwszorzędnym wykonaniu gwar. 6-mies. trwałości
dla panów z robocizną Zł. 2.70 — dla pań z robocizną Zł. 2.30
dla dzieci z robocizną Zł. 2.—
oraz płócienne półbuty po cenie 4.90 i 5.05.

---

FIRANKI i materjały tapicersko - dekoracyjnej hurtownie i częściowo najtaniej
w krakowskiej fabryce firanek **Michała Weitza, Florjańska 23.**

---

## וויין צו קאנקורענץ פרייזען ווייץ

אינלענדישע ווי אויך אונגארישע און טאקאיער וויינען אלטע און נייע
אמביליגסטען ביי
ש. שעהנפעלד, קראקא, דיעטעלסגאס 56.

---

איך איבערנעם אויף איינע קאסטען דורכצופירען אלערליי

## פראצעסען

געגען דער באהן-בעהערדע

פאר מעהר פאררעכנעטע פראכט-געביהר, פערלוירענע אוז בעשעדיגטע זענדונגען ווי אויך פאר באהן אומגליקים - פאלען.

צו מעלדען שריפטליך אין אדמ. אונטער „נישט פערנאכלעס-גען"

---

## הצי הנם

אלטע און נייע ספרים נור ביי:

**Jehoszua Sonenschein, Sebastjana 28. II. p of.**

---

## ניעדער מיט דער טייערונג!

פערקויפע בשנה זו פרימא גוטען וויין און פרימא
מעטה של פסח מיט 40 פראצענט ביליגער
א. צ.: 1 גרויס גלאז גוטען וויין 30 גר.
1/4 ליטער „ „ 40 „
דען אלערפיינסטען פרימא מעטה
1 גראסעס גלאז 25 גר.
1/4 ליטער „ 35 „
לאזט אייך נישט איינרעדען פאן די וואס ווילען אייך אויס-נוצען קומט מאסענווייז און איבערצייגט אייך דאס נאר ביי מיר דער בעסטער מעטה און וויין איזט — האבע אויך כרמל און טאקאיער וויינען זעהר פרייזווירדיג. — — — —
היינות זענען שמירים לחג הפסח עצהיו"ט
הלונימוס הלמז בלום, דיעטעלסגאסע 31

---

## אללערליי זילבער אויסארבייטונגען

ווי קאנדערלאבער, עסס-צייג א. ד. ג.
בעסטע אויספיהרונג בילינע פרייזען
נאר ביי **שמואל פויסט, קראקא**
אין הויף **Krakowska 1.**
רעפעראטורען ווערען שנעל און ביליג ערלעדיגט.

---

**ALEKSANDER FISCHHAB**
Wytwórnia pieczątek oraz winiet wytłaczanych.
Tablice emaljowane i metalowe numeratory automatyczne.
**KRAKÓW, GRODZKA 46. -- Telefon 132-56.**

---

פאר'ן אינהאלט פון די אנאנסען איבערהויפט בנוגע כשרות איז די אדמ. נישט פעראנטווארטליך.


אבאנאמענט'ס פרייז: א חדש 80 גר. א קווארטאל 2.40, א יאהר 9 זל. אויסלאנד א יאהר אנדערטהאלב דאלאר.

מאנוסקריפטען ווערען נישט צוריקגעשיקט. ביי אנפראגע אויף תשובה דורך דער פאסט דארף בייגעלעגט ווערען מארקען אויף תשובה

אנאנסען פרייז: פאר א מילימעטער שורה אויף דער לעצטער זייט 30 אין טעקסט און אויף דער ערש-טער זייט 50 גר. דער עמוד געטיילט אין 4 שפאלטען גראטולאציעס א פעטיט-שורה 50 גר. די קלענסטע 2 זל

Wydawca: Za wydawnictwo „Jawne" i red. odp. W L. Urbach. — Drukarnia M. Lenkowicza, Kraków, Meiselsa 4.